איציק ווײַנפּאַנקער

# באמערקונגען

צו

אין שליחות

לידער אונטערוועגס

פון

זלמן שור



פאַרלאַג „זריעה"

שנת תשלב כי הוא לימד לשזר

מאָנטעווידעאָ — אורוגווײַ

ISBN:0-657-11897-4

איציק מאַנגער

# באַמערקונגען

צו

אין שליחות

לידער אונטערוועגס

פון

זלמן שזר

אוזיק לײַפּסנקער

# באמערקונגען

צו

## אין שליחות
## לידער אונטערוועגס

פון

**זלמן שזר**




פארלאג „זריעה"

שנת תשלב כי הוא לימד לשזר

מאָנטעווידעאָ — אורוגווײ

Impreso en el Uruguay

Printed in Uruguay

*I. VAINSENCHER*




# OBSERVACIONES

acerca de

# IN SHLIKHES LIDER UNTERVEGS

DE

## ZALMAN SHAZAR



MONTEVIDEO

— 1972 —

„אין שליחות/לידער אונטערוועגס" פון זלמן שזר, אזוי ווי נאָך אַ פּאָר אויסגאַבעס פון „זריעה", ווערט אַרויסגעגעבן ביי געלערנט צו ווערן אין אונדזערע מיטלשולן.

פאַראַן אין די לידער עלעמענטן, וואָס זענען ניט נאָר ראוי, נאָר וויטאַל־געוואונטשן אין דער גייסטיקער פורעמונג פון אונדזער יוגנט. ליבשאַפט צום פאָלק און צו ארץ־ישראל; פאַרטיפטקייט אין אַ זייטל יידישער געשיכטע און אַ פּאַראַלעל מיט דער היינטצייטיקייט; וויזיע, שפּראַך; און די טיפע תהלימדיקע ליריק, האַרץ־צעבראָכנקייט און אמונה וואָס אין תפלות. תפלות וואָס „נעמען דיך" מיט זייער האַרציקייט און וואָס פון רשות הבעל תפילה ווערן זיי באַלד אַ רשות הרבים — אַ רשות המתפללים — ווייל דו פילסט אין זיי אייגנס, אינטימס.

אין דעם רוב לידער פּרעדאָמינירט איין און איינציקער מאָטיוו: די שטרעבונג אויסגעלייזט צו ווערן פון גלות. די גאַרונג נאָך גאולה.

פאַראַן לידער וואָס זענען געשריבן געוואָרן, ווען די מדינה איז געווען ניט מער ווי חלום און פאַראַן אַנדערע, וואָס זענען געשריבן געוואָרן ווען די מדינה איז שוין געווען אַ פאַקט. אָבער סיי אין די ערשטע און סיי אין די פון דער צווייטער תקופה הזרט זיך איבע־אַ סך טיפע באַזאָרגטקייט וואָס זאָגט עדות, אַז פאַרן צאַרטן דיכטער וואָס האָט געגרייכט פון „שליחות פאַר דער מדינה אונטערוועגס" צום ווערן דער נשיא פון דער מדינה אַלס פאַקט, איז דער פאַרווירקלעכטער חלום נאָר אתהלתא דגאולה און עס איז אין די טיף־טיפענישן פון זיין האַרץ ווייטער דאָ דער ציטער פאַר איר גאַנצקייט און פאַרן גורל פון יעדן איינוווינער אירן.

און חוץ אָט דעם רוב לידער אין וועלכע עס פּרעדאָמינירט די זאָרג פאַר מדינת ישראל, זענען דאָ אויך לידער געהייליקטע אונדזערע ברידער אין ראַטנפאַרבאַנד, אָן וועמענס אויסלייזונג עס קען ניט זיין קיין פולע אויסלייזונג פון פאָלק און לידער פון יחידישער השתפכות הנפש, וואָס זענען אייביק, ווי אייביק ס'איז דאָס פּינטעלע מענטש.

זאָלן לייענער ניט נעמען פאַר אומגוט וואָס איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן באַזונדערס אויף צוויי לידער „יידישע אויגן“ און „אַ תּפלה לשלום ישראל“. ביידע זענען פאַרבונדן מיטן דיכטערס און גשיאס זיין אין מאָנטעווידעאָ און איך בין סוביעקטיוו ניט נאָר צו שזרס לידער נאָר אויך צו דעם אורוגווייער ישוב, וווּ איך לעב שוין אַ העלפט פון מיין לעבן.

מחמת דעם זעלבן טעם וועלן דאָ אויך איינגעשלאָסן דריי פאָטאָגראַפיעס — דאָקומענטן פון יער באַגעגעניש, וואָס איז אַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידן אין אורוגוויי.

---

דאָס ביכעלע האָט 11 לידער.

א) גלייך דאָס ערשטע ליד טראָגט דעם דיכטער גופאס באַציי־כענונג: תּפלה.

עס איז די תּפלה פון שבתי צבים אַ שליח, מתתיהו אשכנזי בלאָך.

דער מאָטאָ פון ליד, ארויסגענומען פון „ספר הקנאות, עמ' 24, קלינגט אויף יידיש אַזוי:

„און דערנאָך האָט ער, שבתי צבי, באַשטימט שלוחים וואָס זאָלן גיין איבער אַלע קהלות אין גלות באַקאַנט צו מאַכן אויף דער וועלט זיין כאַראַקטער און צו פאַרזיכערן זיין קעניגשאַפט איבערן גאַנצן פאָלק ישראל“.

אַ משולח פון גאולה־אידעאַל, אין אַן אויפלאַגע פון 20טן יאָר־הונדערט, איז געווען דער פועלי־ציוניסטישער מטיף, שניאור זלמן רובאַשאָוו, דער היינטיקער זלמן שזר.

פאָרנדיק אויף אַ שיף קיין ניו־יאָרק, אין 1932, איז פאַר אים אויפגעשוואומען די סיטואַציע פון מתתיהו אשכנזי בלאָך, דעם משולח פון שבתי צבי, און ער האָט אויפגעשריבן דאָס וואָס ער האָט גע־פילט אַז עס האָט געקענט זיין יענעמס תּפלה. איר לייענט די שורות און איר זעט אַרויס די ענלעכקייט אין דער לאַגע פון פאָלק, איבער דער דיסטאַנץ פון קאַרגע דריי הונדערט יאָר.

און ביי אזא לאגע, ווען „בלויז פאראיינצלטע האבן דער־הערט"... בעט זיך דער שליח ביי גאט, אז ער זאל אים העלפן צו צעטראגן דאס ליכט פון די גלויביקע „פון ייד צו ייד, פון הארץ צו הארץ, פון ארט צו ארט" — —

פאראן אין ליד צוויי שורות וואס קלינגען מיט פאטעטישן „דרשני" אויך היינט, א פערטל יאר־הונדערט נאך דער מדינה־אנט־שטייונג: „אין געפאר איז דיין משיח, איך בין איצטער זיין שליח". עס ווערט דא אוועקגעשטעלט אויף דער העכסטער הייך די ראל פון שליח אין דער „מדינה אונטרוועגס" — אין דער ציוניסטישער באוועגונג. ס'איז ווי א רוף צום פאלק ניט אונטערצושעצן די אויפ־גאבע פון שליח. אבער ס'איז אויך א ווארענונג דעם שליח — יעדן איינעם פון די הונדערטער איבער די תפוצות — „לא תשא שם השליח לשוא", ווייל דו ביסט א טויזנטסטל משיח־ברענגער...

---

ב) דאס ליד „רבונו של עולם, ניט קוק אויף מיין צלם..." איז, ווי דער מחבר אליין רופט עס אן, „א שפאגל־נייע תחינה". א צייט־דאקומענט. עס איז דאס געבעט פון א יידישער פרוי, וואס בדי זיך צו ראטעווען אין די אומגליקלעכע נאצי־יארן, האט זי זיך געמוזט אנטאן א צלם.

פאר קינדער, תלמידים, דארפסטו נאר אויפלעבן דעם צייט־אפשניט, דעם הינטערגרונט. יעדעס ווארט אין דער תחינה אליין איז אזוי קלאר ווי דאס אפענע הארץ פון דער פרוי וואס איז מתפלל.

דאס ליד איז געווען דאס ערשטע פון זלמן שזר, וואס „די גאלדענע קייט" האט צו אונדז געבראכט. עס איז דא א סך מאל דעקלאמירט געווארן פון שול־ און מיטלשול־תלמידות און עס פלעגט לאזן א טיפן איינדרוק. די ווונדן זענען נאך געווען פריש און ווער עס האט געהערט — האט עס אויך געפילט, און צו נייטיקן זיך דערצו אין קיין שום פירושים.

---

ג) דער „פירוש" צו „שמחנו", דעם דריטן ליד, געפינט זיך אונטן.

ווו עס איז אָנגעגעבן די דאַטע, ווען עס איז אָנגעשריבן געוואָרן:
.29.11.47

דער שליח פון פאָלקס יענעסאַנס, דער שליח וואָס פילט זיין שליחות ביז אין מאַרך פון זיינע ביינער, דער שליח פון שליחים, זעט אַז עס דערנענטערן זיך די ימי המשיח. ער איז אַ דורכגענו־מענער מיט ליידן. און איצט, אויף דער שוועל פון דערלייזונג, דער־וויגט ער זיך צו בעטן די ערלעך־פאַרדינטע פרייד און יום טוב־דיקייט פאַר זיין פאָלק.

ד) „פּאָעט פון ישראל", דאָס פּערטע ליד, איז אַן אינטים־יחידיש געבעט געהאַלטן צו ווערן אויף די „אייגענע הייכן" אין זכות פון „געדענקען" יענעמס „געהויבענע מעלות, די אַלטע און די נייע". „העלף מיר בלויז ניט ווערן נתפעל פון די שטרויכלונגען פון דיינע טרייע" — „נתפעל ווערן" איז דאָ אין אַ נעגאַטיוון זין, אַנדערש ווי מיר זענען געוווינט אַז נאָר „צום גוטן". זאָל אויך דאָס זיין אַן אויסדרוק פון ספּעציפישן אַרט רעדן פון אַ געגנט, אָדער קומט עס אונטער דער השפעה פון עברית?

ווי עס זאָל ניט זיין, איז עס אַזוי חפץ חיימדיק, טיף־ערלעך, אַז ביים לייענען דאָס, פילסטו זיך ווי פאַרשעמט און דו אייגנסט דייך צו די פרומע ווערטער.

ה) „דער נייער מאַראַנען־סדר", געשריבן אין 1954, איז יחידיש־אויסגעדרוקטע סאָלידאַריטעט מיטן סאָוויעטישן יידנטום, וואָס האָט ערשט אויסגעבראָכן גרויס־צוגיק געזעלשאַפטלעך אין 1970.

אַ צייט פאַר אליעזר וויעזעלס דעפינירן סאָוועטישע יידן, ווי „יהדות הדממה" — דאָס יידנטום פון שטומקייט" — קומט דאָ דער אויסדרוק: „שווייג איך די הגדה מיט חשק און התמדה, שרייט מיין שווייגן העכער פונעם העכסטן שאל". אָט דער „שווייגנדי־קער שאל", וואָס האָט דערפירט צו דער היינטיק עקשנותדיק־דער־גרייכטער עליה פון סאָוויעטישע יידן, איינער פון די גרעסטע נסים אין אונדזער צייט.

ו) „צווישן מאַספּוּוע און ירושלים" — גלויבן אין דער אומבאַזיגלעכקייט פון סאָוועטישן יידנטום; אין דעם „יורש פון ריזן; אין דעם צעפּליקטן דעמב, וועמענס צווייגן קראַכן, אָבער ער דערהייבט זיך אין שטורעם, ווי פון האָפענונג אַ טורעם".

דאָס אַלץ האָט זיך באַשטעטיקט ערשט ניט עטלעכע יאָר שפּעטער. דער עמפּינדלעכער דיכטער האָט עס אויפגענומען, ווי דורך ראַדאַר, איידער עס איז געקומען דער עפנטלעכער אויסברוך פון דער פאַרבאָרגן־טליענדיקער ענערגיע.

ז) „פאַרנאַכט אין ירושלים" הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „אין מיטן הימל שטייט אַ בוים", ווי פאַראַפראַזירט פון אַלטן פאָלקסליד „אין מיטן וועג שטייט אַ בוים". עס איז דאָ ריינע דיכטערישע פאַרחלומטקייט.

אַ געוועב פון פאַרבן־שפּיל און סודותדיקייט שבשטילקייט; אַזוינס וואָס מען קען נאָר אַנען אונטער דעם ירושלימער הימל, אין וועמענס „מיט" עס קען שטיין אַ בוים. דאָס ליד איז ווי דער דינער פּענדזל־שטריך צו דער פּערזענלעכקייט זלמן שזר, דעם אין קבלה־פאַרטיפטן מיסטיקער; דער איידעלער דיכטער פון דער היינטצייטיקייט, וואָס איז ענג־פאַרוועבט מיט אַלע טיפזיניקע אַמאָלן.

ח) „פון ירושלים קיין נעפּאַל" — אַ צונויפטרעף צווישן צוויי אַלטע פעלקער, אַלטע קולטורן און „הויכע הייכן". די הייך פון די הימאַלאַיען און די הייך פון ירושלים, וואָס אויב זי קען זיך נישט גלייכן מיטן עווערעסט אין טויזנטער מעטערס, איז זי אָבער אומפאַרגלייכלעך מיט דער דימענסיע, וואָס נאָר זי אַליין פאַרמאָגט — ירושלים של מעלה. גלייך ווי דער דיכטער, אויף דער שוועל פון נעפּאַלס הויפּטשטאָט, קאַטמאַנדו, וואָלט דערהערט דעם אַרויסרוף און ער נעמט אים אויף: „דו ביסט דו" און... „איך בין איך". ער נעמט אויף דעם אַרויסרוף פון די הימאַלאַי־הויכן און בלייבט אַ פעסט־אָנגעשפּאַרטער אין דער רוחניותדיקער הייך פון ירושלים און פון סיני.

ט) „יידישע אויגן".

דאָס דאָזיקע ליד איז „געבוירן געוואָרן" אין מאָנטעווידעאָ.

דער אורוגווייער יידישער ישוב האָט געוווּסט, אַז ער נעמט־ אויף אַ נשיא וואָס איז נישט קיין סתם פּרעזידענט, ווי ביי אַנדערע פעלקער. דאָס איז אַ זון פון אַ יידישן פאָלק, אַ דורכגעזאַפּטער מיט יהדות פון אַלע דורות און מיט אַלץ וואָס איז אָנגעאוצרט געוואָרן אין אַלע אינדערע לשונות, פון לשון קודש דורך תרגום־לשון ביז יידיש. פון אביי ורבא דורך די בעלי הקבלה ביז סוצקעווערן און הירש גליקן. אַלע יידישע טרערן — פון ליידן און פון פריידן — פון אַלע דורות, וועגען דאָ אין דער נשמה פון מידער יידישן קינד. דאָס קינד פון דיין פאָלק.



רומער פרוי רחל קאַצנעלסאָן־שזר; דער פּרעזידענט פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט ר' יוסף שטון; ביי דער זייט פון נשיא — חי רב פּלעסטער. גענ־סעקר. פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט.

נישט מער ווי געציילטע עטלעכע הונדערט יידן האָבן געקענט קומען אין דער מחיצה פון נשיא און זיין פרוי, רחל קאַצנעלסאָן־שזר, און דריקן זייער האַנט. די טויזנטער, די צענדליקער טויזנטער, האָבן זיך באַגנוגנט צו שטיין אויף די טראָטואַרן, לענגאויס ווי גאַסן פון מאָנטעווידעאָ, און אויסגעשטיישטע מיט די צענדליקער טויזנטער אורוגווייער, דערוואַקסענע און קינדער, אויפנעמען פייער־ליך דעם דורכפאָרנדיקן „צוג". און עס האָט קיינעם נישט גע־אַרט וואָס די פּראָטאָקאָלדיניס האָבן נים דערלויבט מער. יעדער־ ייד איז געווען זיכער, אַז ווען אונדזער בליק, דער בליק פון די פשוטע יידן, וועט זיך באַגעגענען מיטן בליק פון די צוויי אויס־דערוויילטע, וועלן זיי אין אונדזערע אויגן אַרויסליענען די פרייד, באַוווּנדערונג און שטאָלץ, מיט וועלכע זיי פילן אונדז אַן.

און אזוי איז עס געשען: די בליקן האָבן זיך באגעגנט. דער דיכטער שזר האָט ארויסגעלייענט דעם „פינקלענדיקן גלאַנץ" אין בליק פון מאָנטעווידעער יידן און אזוי איז געבוירן געוואָרן דער אויפשפּראָץ פון ליד „יידישע אויגן".

און ס'איז אַ שאָד וואָס אין דעם ביכעלע קען נישט איינגעשלאָסן ווערן די גראַווירונג פון שזרס פּערזענלעכן פאַרלייענען זיין ליד. שזרס אַרויסרעדן די ווערטער אויף זיין רעגיאָנעלן דיאַלעקט איז אַן אומאָפּשאַצלעכער קולטור־דאָקומענט. אין הונדערטער יאָרן ארום, ווען תלמידים וועלן לערנען דאָס ליד, וואָלטן זיי פריער געדאַרפט אויסהערן די גראַווירונג.

פונקט ווי אַ משל פון אליעזר שטיינבארג צי אַ ליד פון לוצקין זענען ניט „צום באַנעמען" מיט קיין אַנדערער אינטאָנאַציע, ווי די וואָס עס האָט זיי געגעבן הערץ גראָסבאַרדס רעציטירן זיי, אזוי קען ניט דער וואָס האָט געהערט שזרן אַליין לייענען דאָס ליד, זיך פאָרשטעלן אַן אַנדער אינטאָנאַציע ווי זיינע, די ערשטע, די אויטענטישע.

און דערביי איז גאָרנישט וויכטיק וואָס דאָס ליד איז שפּעטער איבערגעבויט געוואָרן און די „ענדגילטיקע" פאָרם האָט זיך באַקומען אין אַ געוויסער מאָס אַ געענדערטע.



דער נשיא ביים מיקראָפאָן.
הינטער פרוי שזר; נאָטאַר ישראל נעמיראָווסקי, דער פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער לאַנד־אָרגאַניזאַציע.

זלמן און רחל שזר זענען אָהער אָנגעקומען אין אַ דינסטיק, דעם 21טן יוני 1966. אין דעם טאָג האָט ער דערזען די „יידישע אויגן". זונטיק, דעם 26טן יוני, איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכער מיטאָג, אויף וועלכן דער נשיא און זיין פרוי האָבן זיך געטראָפן מיט די פני פון ישוב. דער דאָזיקער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין פּאַרק-האָטעל און דאָ האָט דער דיכטער צום ערשטן מאָל פאָרגעלייענט דאָס ליד, מיט וועלכן ער האָט אָפּגעשלאָסן זיין רעדע צום ישוב. די רעדע איז געווען אויף עברית און דער אָפּשלוס, די „ראָזשינקע" — אַ יידיש ליד. דאָס ליד, ווי די גאַנצע רעדע, איז אויפן אָרט גראַווירט געוואָרן. דעם צווייטן טאָג, מאָנטיק, האָט מען עס פון דער טאַשמע איבערגעשריבן און אַריינגעגעבן אין דער צייטונג „היינט", אין וועלכער עס איז דערשינען צום ערשטן מאָל דינסטיק, דעם 28טן יוני.

איידער איך וועל דאָ ברענגען עטלעכע וואַריאַנטן פון וועלכע עס איז צו זען סאַראַ גילגולים דאָס ליד האָט דורכגעמאַכט, איז כדאי צו ציטירן אַ פּאָר שטעלן פון נשיאס רעדע, כדי צו הערן ווי ער איז צוגעקומען צום ליד אויף יידיש.

דער באַנקעט-צונויפטרעף מיטן ישוב איז פאָרגעקומען שוין נאָך אַ פּאָר באַנקעטן מיטן מלוכה-פּרעזידענט, מיטן דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס און אַן אויפנאַמע אין פּאַרלאַמענט און סענאַט — אַלץ מאָמענטן, ביי וועלכע דער נשיא שזר האָט געהאַט געלעגנהייטן צו זאָגן זיין וואָרט צו אורוגוויי. האָט עס טאַקע שזר, גלייך בייב אָנהייב פון זיין רעדע דערקלערט:

„מיין טיפן דאַנק דער אורוגווייער רעגירונג — האָב איך שוין אויסגעדרוקט; אין פּאַרלאַמענט, אין העכסטן געריכט וכו' וכו'.
דאָס מאָל דערלויבט מיר אויסצודריקן כאָטש מיט געציילטע ווערטער מיין באַזונדערע האַרציקע באַציונג — מיינע, מיין פרויס, מדינת ישראלס — צום יידישן ישוב אין מאָנטעווידעאָ.

און דערנאָך רעדט ער צו יידן דירעקט:

„איך האָב אייך געזען ווען איר זענט געווען אַליין, אָבער איך האָב אייך דערקענט אויך ווען איר זענט געווען צוזאַמען מיט אַ סך

פון די מאָנטעווידעער איינוווינער אויף די גאַסן פון דער שטאָט.
איך האָב אייך געזען צווישן דערוואַקסענע און איך האָב געזען
די קינדער און די לערערס; און איך האָב דערקענט דעם באַזונ־
דערס־פייערדיקן, דערפרייענדיקן און פינקלענדיקן גלאַנץ וואָס אין
אייערע אויגן אויף די גאַסן פון דער גרויסשטאָט.

איך האָב געזען די פרייד וואָס איר האָט געהאַט מיט דעם
כבוד וואָס די מדינה האָט באַקומען. און איך וויל אַז איר זאָלט
וויסן: די ווערט פון דעם דאָזיקן כבוד באַשטייט אין דעם — אַז
ער זאָל זיין אַ כבוד פאַר אייך אַלע. אייך קומט דער דאָזיקער כבוד!"

נאָך רייד וועגן דער נייטיקייט פון אחדות אין ישוב און נייטי־
קייט פון פאַרטיפן דעם יידישן חינוך און די ענגע באַציונגען פון
יעדן איינעם מיט דער מדינה, קומט דער „אחרון, אחרון" — די
רייד צו די יידיש־רעדנדיקע:

„און דערלויבט מיר צו פאַרענדיקן מיט אַ ספּעציעלער מתּנה
(„שי מיוחד"). דאָס מאָל פיל איך אַן אינערלעכע נשמהדיקע פליכט
דאָס צו טון, ניט ווויסנדיק ווען מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל
טרעפן, ווייל מאָרגן אינדערפרי פאָר איך שוין אַוועק פון דאַנען.
איך האָב גערעדט צו יידן פון אַלע קהלות. איצט וויל איך זאָגן
עפּעס צו די יידיש־רעדנדיקע יידן דאָ אין לאַנד. און איך וויל דאָס
זאָגן אויף יידיש".

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן דעם דונער אַפּלויזן וואָס איז
דאָ אויסגעבראָכן.

„איך בעט די אַלע וואָס פאַרשטייען ניט קיין יידיש מיר מוחל
צו זיין פאַרן מטריח זיין זיי אויסצוהערן עטלעכע שורות אויף
יידיש, וואָס איך האָב אָנגעשריבן ערשט די נאַכט, אונטערן איינ־
דרוק פון דעם געזעענעם אויף די גאַסן".

דער נשיא וואָס הערט ניט אויף אין קיין סעקונדע פון זיין
לעבן צו זיין דער עמפּינדלעכער דיכטער, איז געגאַנגען מן הכלל
אל הפרט... פון ברייטערן צום ענגערן און אינטימערן.

און דאָס איז דער ערשטער טעקסט פון דעם ליד, ווי דער־

נשיא האט עס פארגעלייענט מיט זיין זעלטן-שיינער דיקציע און אפילו אויף זיין אייגנארטיקן ווייס־רוסישן דיאלעקט, וואס קומט אגב, צום אויסדרוק אויך אין אנדערע לידער פון דעם ביכעלע:

## יידישע אויגן

יידישע אויגן וואס לויכטן אנטקעגן
פון ביידע זייט וועגן
לויכטן די אויגן
מיט דאנקשאפט באצויגן.
מאמעשע, מיידלשע, קינדישע אויגן
און יוגנט וואס שלינגען פארוואונדערט די שיין
אלע, א, אלע, געבענטשט זאלט איר זיין!
און עלטערע יידן
מיט א בליק שוין א מידן
און אויגן פארגרויטע
שוין יארן פארגויטע,
פארפרעמדטע, פארשעמטע,
דערשטוינט און צעה־דושט
אויך איר קוקט היינט אנדערש
פאריונגט און פארייידישט.
יידישע אויגן
צו טריישאפט דערצויגן
היט אפ אייער גלאנץ
און פארטיפט אייער פראכט
פאר אייך איז דער גאנצענער כבוד פארטראכט!
גליט אין אים העלער
און וואקסט אין אים דרייסטער
געלויבט זיי, ישראל,
וואס קענסט זיין אזא טרייסטער!
און אויב אפילו איננאנצן אן גלויבן, אן לשון,
צעצינדט זיך, צעצינדט זיך און ווערט נישט פארלאשן,
דערפרייטע, געגרייטע, בעיתה און אחישנה,
נחמו נחמו און הלואי ותחזינה.

די ווערטער „אויגן", „באַצויגן" און „דערצויגן" האָבן גע־קלונגען ביים נשיא : „אייגן", „באַצייגן" און דערצייגן". אפילו דאָס וואָרט „שוין" קלינגט דאָ „שיין". „צעצינדט זיך, צעצינדט זיך" — הערט זיך ווי „צעצינצאַך, צעצינצאַך" און דאָס האָט טויזנט טעמים פאַר א פאַרליבטן אין די פאַרשידענע אַרויסרעד־פאָרמען פון יידיש. און לסוף הערט זיך דאָס וואָרט „ותחזינה" אַרויסגערעדט קלאָר — „אשכנזיש" : „ווּעסעכזוענאָ", אזוי ווי עס האָט יאָרהונדערטן־לאַנג אָפּגעקלונגען אין מזרח־אייראָפּעישע „שמו־נה־עשרה"ס.

די פיר הונדערט מענטשן אין זאַל פון פאַרק־האָטעל האָבן ניט אויפגעהערט אַפּלאָדירן און פשוט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן דעם נשיא און דיכטער, וועלכער האָט זיי געבראַכט אזא זעלטן־שיינע מתנה. אזא עמאָציאָנירטקייט קומט זעלטן צום אויסדרוק. עס איז געווען אזא מין אינטימע קעגנזייטיקייט צווישן דער יידישער מאסע און דעם נשיא פון דער מדינה, וואָס איז אין די טיפסטע טיפענישן פון זיין נשמה געבליבן דער דיכטער וואָס לעבט־איבער די פרייד פון יצירה.

---

אלס טעקסט נומ׳ 2 דאַרף מען אָננעמען דעם טעקסט וואָס די צייטונג האָט באַקומען צוגעשיקט — דורך דער שגרירות — פון נשיא, וואָס איז אין יענעם מאָמענט געווען אין טשילע. דאָס ליד איז דערשינען אין „היינט" דעם 10־טן יולי, אלס אָפיציעל „אויס־געבעסערטע ווערסיע" און די צייטונג דאַנקט „דעם נשיא און דיכ־טער" פאַר דעם דאָזיקן „פריינדלעכן און ליבנסווירדיקן זשעסט".

דאָס איז דער טעקסט :

יידישע אויגן, מיט דאַנקשאַפט פאַרצויגן,
איך האָב אייך דערקענט צווישן טויזנטער אויגן,
זיי פינקלען אַנטקעגן, פון יידע זייט וועגן.
מאַמעשע, קינדערשע, מיידלשע אויגן.
און עלטערע יידן, מיט א בליק שוין א מידן,

װאָס געדענקען און בענקען און גאַפן צופרידן
און יונגװאַרג צעהיצטע, װאָס שלינגען דעם שײַן,
אַלע, אָ, אַלע, געבענטשט זאָלט איר זײַן.
און אויך אויגן פאַרגרויטע, שי ; יאָרן פאַרגויטע,
פאַרפרעמדטע, פאַרשעמטע, באַגליקט און פאַרחידושט,
אויך איר קוקט מיר אויס דאָ
אי פאַריונגט, אי פאַריידישט.
און אפילו אינגאַנצן אָן גלויבן, אָן לשון,
צעצינדט זיך, צעצינדט זיך און װערט נישט פאַרלאָשן.
יידישע אויגן, צו טריישאַפט דערצויגן
היט אָפּ אייער גלאַנץ און פאַרטיפט אייער פראַכט.
פאַר אייך איז דער נס פונעם כבוד פאַרטראַכט!
גליט אין אים העלער און װאַקסט אין אים דרייסטער.
געלויבט זײַ, ישראל, װאָס קענסט זײַן אַזאַ טרייסטער.
זײַט דערפרייט און זײַט גרייט, און געדענקט: אחישנה!
נחמו — נחמו, און הלוואי ותחזינה!

---

דער זעלביקער טעקסט איז אויך דערשינען אין „די אידישע
ציַיטונג" פון בוענאָס איירעס, פון 8טן יולי, מיט איין און איינ
ציק װאָרט אַנדערש. אין דער זיבעטער שורה פון אונטן ארויף
קומט, דאָ „אידישע אויגן צו פריינדשאַפט דערצויגן" אָנשטאָט
„יידישע אויגן, צו טריישאַפט דערצויגן".
אָבער אין דער אַנטאָלאָגיע „װען אַ פאָלק דערוואַכט" פון
ציקל „מוסטער־װערק פון דער יידישער ליטעראַטור", ארויסגעגעבן
פון אַרגענטינער „ייוואָ", אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָ־
זשאַנסקי, טרעפן מיר װידער אַ נייעם װאַריאַנט פון דעם ליד.
דאָס ליד איז דאָ איינגעטיילט אין דריי סטראָפעס צו אַכט
שורות. איז די צווייטע סטראָפע אינגאַנצן אַנדערש:

און אויך אויגן פאַרגרויטע,
שוין יאָרן פאַרגויטע,
פאַרפרעמדטע, פאַרשעמטע,
באַרוישט און פאַרחידושט.

אויך איר קוקט מיר אויס דאָ
פֿאַרוואָנגט און פֿאַרייִדישט.
און אפֿילו אינגאַנצן אָן גלויבן, אָן לשון —
צעצינדט זיך, צעצינדט זיך און ווערט נישט פֿאַרלאָשן!

און אויך די לעצטע צוויי שורות פֿון ליד זײַנען געענדערט:

דערפֿרייטע, געגרייטע, גערעקנט: אחישנה!
נחמו, נחמו, און הלוואי ותחזינה!

דער טעקסט וואָס קומט אַרײַן אין „אין שליחות/לידער אונטערוועגס", און וועלכן דער נשיא באַטראַכט אַלס דעפֿיניטיוו, איז דער וואָס איז דערשינען אין „פֿאָלק און ציון" פֿון סעפּטעמבער 1966 און איז כמעט דער זעלבער וואָס אין דער אַנטאָלאָגיע „ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט". ער אונטערשיידט זיך נאָר מיט אַ פּאָר שורות:

אַנשטאָט אויגן — „באַרוישט און פֿאַרחידושט"
קומט דאָ: „וואָס שטוינען פֿאַרחידושט"

און אין דער פֿאַרלעצטער שורה פֿון ליד איז ביים אָנהייב דאָ דאָס וואָרט „און", וואָס איז נישטאָ אין די פֿריערדיקע וואַריאַנטן.

---

דאָס איז איינער פֿון די פֿאַלן אין דער יידישער דיכטונג, ווען פֿון אַ ליד זענען פֿאַראַן עטלעכע וואַריאַנטן. און דאָס איז ניט קיין ליד, וואָס איז אויפֿגעשריבן געוואָרן אַ סך שפּעטער נאָך דעם וואָס בעל פּה איז עס שוין אַרומגעגאַנגען אין פֿאָלק און געזונגען געוואָרן און דאָס פֿאָלק „האָט געהאָלפֿן" דעם דיכטער און עס איז אַלעמאָל „צוגעפּראַוועט געוואָרן" נאָך אַן אַנדערן זינגערס געשמאַק. אַזוי האָבן זיך, למשל, באַקומען פֿאַרשידענע וואַריאַנטן פֿון הירש גליקס „פּאַרטיזאַנען־הימן", וואָס איז געזונגען געוואָרן אין ספּעציעלע באַדינגונגען, אַ סך איידער עס האָט געקאָנט אויפֿגעשריבן ווערן אַלס ענדגילטיקער טעקסט.

אין דעם „פֿאַל" פֿון „יידישע אויגן" איז עס כּתם אַ פּראָצעס פֿון קינסטלערישן שלייפֿן, וואָס איז פֿאָרגעקומען בפֿני קהל ועדה. אין אָט דעם פּראָצעס זענען, ביים אַרויסבאַקומען נייע פֿאָרמען, אויך אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויסדרוקן וואָס עס איז אַ שאָד אַז

זיי זאָלן איינגאַנצן פאַרמשפּט ווערן צו פאַרשווינדונג און דערפאַר ווערן זיי דאָ געבראַכט. פאַר יעדן ליבהאָבער פון דיכטעריישן יידישן וואָרט וועט זיין טייער צו קענען אויך דעם „אור״-וואַריאַנט, ווי ער איז אַרויסגעקומען צום ערשטן מאָל, אַ ניט-געטעסטעטער — פון סאַמע קוואַל — און זיינע שפּעטערדיקע גילגולים.

ווער שמועסט, אַז אַט דעם ערשטן וואַריאַנט האָסטו געהערט (און הערסט פון ציט צו ציט...) פאַרלייענען דעם דיכטער אַליין, מיט זיין פעסטער שטימע און מיט די חנען פון זיין אייגנאַרטיקן דיאַלעקט („פאַר אייך איז דער גאַנצענער כבוד פאַרטראַכט״...) איז ער דיר טייער און ווילסט, אַז ער זאָל אויך בלייבן אַ קנין הרבים.

---

י) „אנא בכוח״

וויפל אדיעקטיוון פאַרן רבונו של עולם אין דעם איינעם ליד!

„פאַרכטיקער, מעכטיקער, הייליקער, געפעסטיקטער, איינציקער, שטאָלץ פון דיין פאָלק, קענער פון געהיימנישן —״

עס איז טאַקע אַ יידישע איבערדיכטונג פון דער אַלטער תפלה אין סידור, אָבער עס איז אַ באַרייכערונג פון פּאָעטישן יידישן וואָרט. אַ תפלה איז אויף יידיש „ניי געבוירן״ געוואָרן.

יא) „אַ תפלה לשלום ישראל״

אויך דאָס דאָזיקע ליד, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין „די גאָלדענע קייט״ פון נאָוועמבער 1955, „קער זיך שוין אַ ביסעלע אָן״ מיט מאָנטעווידעאָ.

פרייטיק, דעם 24־טן יוני 1966, 11 אזייגער פ. מ., איז פאַרגעקומען אַ צונויפטרעף פון נשיא מיט דעלעגאַציעס פון יידישע שולן, אין לאָקאַל פון דער „אורוגווייאיש-העברעישער שול״. אויסגעקליבענע דעלעגאַציעס פון צו צוויי־דריי תלמידים פון יעדער איינער פון די געציילטע יידישע שולן אין שטאָט איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו באַגריסן דעם נשיא און פרוי פּערזענלעך. אין די געציילטע שורות, וואָס דאָס קינד־דעלעגאַט האָט געזאָלט פאַרלייענען, האָט עס אויך געדאַרפט פירברענגען פאַר די הויכע געסט דעם כאַראַקטער און ספּעציפישן מהות פון זיין שול.

היינט, למשל, האָט דער עלטערן־כאָר ביי דער „אינטעגראַלער־שול" אין זיין רעפּערטואַר אויך דריי לידער אויף יידיש. אין 1966 האָט מען אין דער פּראָווינציעלער אַטמאָספער פון יידישן מאָנטעווידעאָ געדאַרפט „אויסקעמפן" פאַר דער שלום עליכם-שול דאָס רעכט, אַז איר דעלעגאַציע זאָל „מעגן" באַגריסן דעם נשיא און פרוּוון נאָר אויף עברית, נאָר אויך אויף יידיש, אויף דער „טעריטאָריע" פון דער „אורוגוויאיש־העברעישער אינטעגראַלער שול"...

האָט דאָס באַטרעפנדיקע קינד, אַ תלמידה פון דער שלום עליכם־מיטלשול (דער גורל איז אויסגעפאַלן אויף העניעלע יאָספּאָוויץ) באַגריסט אויף עברית און פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „...אנו מאחלים לכם בריאות, כוח ועוז ושמדינת ישראל תפרח ותתקדם; ושכנגדל נבוא גם אנו להצטרף לבונים אותה ולמגיניה עליה. ועד בואנו אנו שמה, אנחנו מתפללים לשלומה במלים יהודיות, אשר יפות מהן לא מצאנו עד כה. ואלה הן המלים; ואנו בטוחים שאתה מכיר אותן:

„טראָגט זיך איצט ווידער, פון האַרץ ווי פון סדור,
די תפילה די שטילע, איינציק און ריין:
ה' עוז לעמו יתן!"

אויף דער פאָטאָגראַפיע קען מען דאָ זען, ווי דער דיכטער און נשיא דריקט וואַרעם די האַנט העניעלען, נאָך דעם וואָס זי האָט געענדיקט איר באַגריסונג און דערלאַנגט דעם נשיא דעם „פּאַר־מעט" מיט דעם טעקסט.

שפּעטער האָבן מיר זי געפרעגט:

— „וואָס האָט דער נשיא דיר געזאָגט?"

— „ער האָט מיר געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז איך האָב ניט געדאַרפט לייענען די ווערטער „באשר הוא שם" מיט דער ספרדישער חברה, ווייל עס באַקומט זיך „שאַם"! עס דאַרף זיין אויף אשכנזיש „שאָם", כדי עס זאָל זיך גראַמען מיט דעם לעצטן וואָרט פון דער פאַריקער שורה — שטראָם" —

דאָס איז אַ יידישער מלוכה־פּרעזידענט!...

---



דער נשיא זלמן שזר דאַנקט דער תלמידה פון דער שלום עליכם־מיטלשול, העניעלע יאָסקאָוויץ, פאַר איר באַגריסונג.

און נאָך איין פרט צו דער אַלגעמיינער פאַנטאַסטיק, וואָס אין דעם וויזיט און אין די מאָמענטן ווען די לידער זיינען דאָ געהערט געוואָרן.

אויף דער פאָטאָגראַפיע זעט מען, צווישן נשיא און דעם קינד וואָס באַגריסט אים, אַ פּרעכטיקע מנורה. ס׳איז אַ חנוכה־לאָמפּ מיט אַן אייגענער „געשיכטע״. באַלד נאָך דער אַנטשטייונג פון דער מדינה, האָט אַ ייד אין קאַיר, גאַלימידי, געטון אַ נדר: אויב דער וואָס לעבט אייביק וועט מיר העלפן און איך וועל פון דאַנען קענען אַרויס אויף דער פריי מיט מיין משפחה, וועל איך שענקען מדינת ישראל אַ חנוכה־מנורה — אַזוינס ווי אַזעלכעס. און נאָך אַ סך צרות איז דער ייד מיט זיין פרוי און אַ סך קינדערלעך אַנגע-

קומען קיין מאָנטעווידעאָ. האָט זיך דער ייד אויפגערעגט און אויסגעאַרבעט א חנוכה־לאָמפּ, א הויכן, א שיינעם, מיט א סך באַפּוצונגען, און אים אַוועקגעטראָגן אין דער היגער ישראל־אַמבאַסאַדע און זיך געבעטן: „נעמט דאָס אָן ווי א מתנה! איך וויל מקיים זיין מיין נדר!" פאַרשטייט זיך, אז מע האָט אים „צוליב געטאָן" און די ניין־רעריקע מנורה באַפּוצט דאָס הויז פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין אורוגוויי. צו דער געלעגנהייט פון נשיאס וויזיט, האָט מען זי געבראַכט אין הויז פון דער „אינטעגראַלער שול" און דאָ איז זי! נאָך א נסימדיקער פּרט אין דעם וויזיט פון דיכטער־נשיא, וואָס איז געפילט געוואָרן ווי איין גרויסער נס.

— —

איך האָב א פּאָר מאָל דערמאָנט, אז אין בוי פון די לידער קומט צום אויסדרוק די ספּעציפישקייט פון א דיאַלעקט. ב׳גלייב, אז דאָס זענען „ליטוויציזמען". מע קען צ"ב טרעפן:

„און יעדע הארץ" — ווייל „די הארץ"...;
„דו האָסט כמעלניצקים שווערד א צי געטאָן פון שייד
אויף קהלות הייליקע א לאָז געטאָן דעם טויט"
ווייל „טויט" דאַרף מען אַרויסרעדן „טייט"...;
ווענן פייער: „ווי ער ברענט" (דער פייער...);
„און גיב מיר כוח, גאָט, דאָס ערגסטע אויך דערציילן
ניט פאַרשענערן און נישט פאַרהוילן"

ווייל מע דאַרף דאָס לייענען „פאַרהיילן", אזוי גראַמט זיך עס;

„כדי דערשפּירן זאָלן זיי
ווי די שלאַכט איז שווער אזוי (לייען: אזיי....);
„און זאָל דאָס זיין דיין צייכן
אז כל זמי ב׳וועל לעבן
זאָל איך ניט געשטראָפט ווערן, חלילה,
מיט קטנות המוחין („האמייכין"!).

---

ביי אונדזער גאַנצער שטרעבונג צו כלל־יידיש, ווייזט זיך מיר אויס, אז מע וואָלט די דאָזיקע ספּעציפישקייטן באַדאַרפט דערקלערן אונדזערע תלמידים און זאָלן זיי, ביים לייענען די לידער, זיי אַרויס־

רעדן אַזוי ווי דער דיכטער האָט זיי „געהערט״: אי עס וועט זיין געטריי דער שאַפונג, אי עס וועט זיך אויפהיטן די אייגנאַרטיקע הנוודיקייט.

---

פאַראַן אויך אַ פּאָר „פּאָלן״ פון „ליצענציאַ פּאָעטיקאַ״:

„ס׳איז אומבאַקאַנט מיר פאָלק און לאַנד
און קליין מיין זכות און שוואַך מיין האַנד״ —
צוליב אַ גראַם מעג מען שרייבן „האַנר״ מיט אַ „ד״ אָנשטאָט אַ „ט״.

אָדער:

„און לייענסט כוונות פון יעדן באַזונדער
טאָ האָב זשע רחמנות אויף מיר אויך אַצונדער״
„אַצונדער״ מיט אַ „ו״ נאָך דער „צדיק״ אָנשטאָט „אַצינדער״ מיט אַ „יוד״. דאָס איז ניט קיין ענין פון דיאַלעקט, ווייל מיט אַ זייטל פריער שטייט בפירוש: „שטראָף מיך גאָט, ווי איך בין ווערט, אָבער שפּעטער ניט אַ צ י נ ד!״

---

אויב אין די עטלעכע זייטן איז מיר געלונגען אַרויסצוברענגען באַמערקונגען ניט נאָר צו די לידער, נאָר אויך אַ פּאָר פּרטים צו דער פּערזענלעכקייט פון זייער מחבר, דעם „נעים תפלות״ זלמן שזר, וואָלט איך געווען זייער צופרידן. ווייל די פּערזענלעכקייט זלמן שזר איז כולל ביידע — אי דעם דיכטער אי דעם נשיא.

זיין אַ נשיא וואָס מוז אויף זיך פילן די אחריות און דעם עול פון אַ פריערדיקער געזאַלבטקייט, בכתר שירה, מוז נישט זיין לייכט. אָבער בלייבן געטריי אָט דער ערשטער געזאַלבטקייט, ווו עס זאָל ניט זיין און ביי יעדער מין באַדינגונגען — דאָס איז די זעלטן-הויכע מדרגה.

זלמן שזר איז געבליבן ע ר, ווען ער האָט אַלס ראש המחלקה לחינוך ולתרבות בגולה געגעבן אַ זאָג אין בוענאָס אײרעס: „יידיש איז טויט און מע קען זאָגן אַ קדיש״. דאָס איז ניט געווען קיין כתם פעסטשטעלונג. דאָס איז געווען אַ בייטשנדיק שטראָף־וואָרט. אויב אַ נביא האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז דאָס בית המקדש וועט חרוב ווערן, איז עס ניט געווען קיין קאַלטע „פעסטשטעלונג״ פון אַ זייטיקן. ס׳איז געווען אַן „איך באַשולדיק ״ פאַרן דערבערענגען דערצו

ניט אייגענע מעשים! פאַרן גורם־זיין אַן אומגליק אויפן כלל, איינשליסלעך אויפן שטראָפֿער!

זלמן שזר איז געבליבן ע״ה, ווען נאָכן רעדן פאַר מלוכה־פּרעזידענטן, פּאַרלאַמענט און סענאַט און נאָכן רעדן פאַר די פּני פון דעם ישוב אויף עברית, וואָס איז פאַר אים ניט נאָר לשון המדינה, נאָר אַן אינטימע טייל פון זיין זיין, האָט ער אָבער גע־פילט אַ „חובה נפשית״ — ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדרוקט — צו ברענגען צו די „דוברי יידיש״ אַ ספּעציעלע מתנה — אַ ליד אויף יידיש.

דאָס איז דער זעלבער זלמן שזר, וואָס אַלס נשיא המדינה, האָט ער אין זיין ערב ראש השנה־באַגריסונג (תשל״ב) צום פאָלק אין דער מדינה און איבער דער וועלט זיך ניט געקאָנט מאַכן ניט וויסנדיק, אַז אין דער מדינה זענען פאַראַן „אונטערדערנערטע און צו רייך געוואָרענע״. אַזוינס ניט צו קענען פאַרשווייגן מוז מען זיין אַ... שזר!

—

ווען הערצל האָט געהאַלטן ביים אַ נאָמען געבן זיין פאַר־טראַכט בוך וועגן אַן אויסגעחלומטער יידישער מדינה, איז אים איינגעפאַלן דאָס וואָרט „אַלטניילאַנד״. און ער זאָגט אַליין אין זיין טאָגבוך, אַז דאָס איז אים געקומען פון דער „אַלטנײַשול״ וואָס שטייט נאָך עד היום אין פּראָג. אָבער יידן האָבן געגעבן אַן אַנ־דערן אויסטייטש: דאָ גייט ניט אין „אַלט״ און „ניי״. דאָס האָבן יידן אַמאָל דער שול אַ נאָמען געגעבן „על תנאי־שול״ ווייל זיי האָבן זי געבויט „בתנאי״: מע וועט דאָ בלייבן ביז משיח וועט קומען; דערנאָך — אַלע צוריק קיין ארץ ישראל! מוז עס ניט באַווייזן ווערן, אַז אַזוי איז עס געווען, כדי עס זאָל זיין שיין.

היינט ווייסן נאָך יידן, אַז דאָס וואָרט „שזר״ אַנטהאַלט די ראשי תבות פון „שניאור זלמן רובאַשאָוו״. אָבער אויב אין דורות אַרום וועט קומען עמיצער און שרייבן: „שזר — כי דורות דורות והדורתם שזורים בו לתפארת״ — וועט קיינעם ניט איינפאַלן דאָס אָפּצופרעגן. ווייל ווער וועט ניט זען, אַז דאָס איז אמת?!

ביז איצט דערשינען אין פאַרלאַג „זריעה":

זעליק באַרדיטשעווער — לידער מיט ניגונים
(מיט נאָטן) 1948

איציק ווײַנשענקער — פאַר אַלט-נײַע התחייבותן 1948

שמואל איזבאַן — די שטאָט פון צאָרן
(ניו-יאָרקער דערציילונגען) 1955

איציק ווײַנשענקער — פשוט מתוך ליבשאַפט 1955

י. ווײַנשענקער — בויערס און מיטבויערס
פון יידישן ישוב אין אורוגוויי 1957

שלמה אבן-שושן — באַבי יאַר 1962

איציק ווײַנשענקער — אורוגוואַרצלען 1969

אליעזר שטיינבאַרג — צען משלים/עשרה משלים 1970

זלמן שזר — אין שליחות / לידער אינטערוועגס 1972

איציק ווײַנשענקער — באַמערקונגען צו
אין שליחות/לידער אונטערוועגס פון זלמן שזר 1972

אין דרוק:

ISAAC VAINSENCHER

"No miento ni cedo"
(Dicho vasco)